משה שקליאַר

---

# בלעטערפאַל

## באַמערקטע דרוק-פעלערן

| זייט | שורה | אנשטאט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 52 | צווייטע פון אויבן | די ערד, ווי אַ זון־פאַרגאַנג, רויט | די ערד ווי אַ זון־פאַרגאַנג, רויט |
| 75 | ערשטע פון אויבן | לידער, מיינע לידער | לידער מיינע, לידער, |
| 89 | ערשטע פון אויבן | מיין אָרעם לעבן! וויפל האָב איך דיך שפעטער | מיין אָרעם לעבן! וויפל מאָל האָב איך דיך שפעטער |
| 95 | ערשטע פון אונטן | אַ געוויסער חוהס עפל... | אַ געוויסער חוהס עפל... |
| 96 | די לעצטע צוויי | צעבלאָזט זיך. ווי אַן אינדיק | ווי אַן אינדיק ער צעבלאָזט זיך. |

משה שקליאר

# בלעטערפאַל

פאַרלאַג




װאַרשע

1959

MOSZE SZKLAR

# LECĄ LIŚCIE (BLETERFAŁ)

Redaktor: HADASA RUBIN

רעדאַקטאָר: הדסה רובין

Okładkę projektował: R. CHWOLES

הילע געצייכנט: ר. כוואָלעס

WYDAWNICTWO „IDISZ-BUCH" WARSZAWA, NOWOGRODZKA 5

Nakład 1500 egz. Ark. druk. 6,5, ark. wyd. 4. Papier rotograwiura kl. 3 a1. Druk ukończono w listopadzie 1959 r. Druk. RSW „PRASA", Warszawa, ul. Tarczyńska 8, zam. 4887. W-77

## אלע טעג

אַלע טעג, וואָס זענען שוין פֿאַרגאַנגען
און וועלן קיינמאָל קומען מער צוריק,
וויברירן אין מיין האַרצן — שטילע קלאַנגען,
אַ ווייטע, אַ פֿאַרגעסענע מוזיק.

שטרענג איך ווען דאָס אויער אָן, ווילן הערן —
צעשווימען זיך די קלאַנגען, ווי ביינאַכט
אויף הימל אַ פֿאַרוואָלקנטן די שטערן,
איינער בלויז בלייבט הענגען אויף דער וואַך.

נאָר אויך דעם איינעם איז מיר שווער צו פֿאַנגען,
אַ שטערן — צאַפּלט ער זיך ווייט אַוועק,
פֿון אַלע טעג — פֿון אַלע קלאַנגען
בלייבט אַן עכאָ בלויז — און דאָס איז מיין פֿאַרמעג.

# די לעצטע שעה

דער זייגער האָט די לעצטע שעה שוין אויסגעשלאָגן,
שטיל פאַרענדיקט האָט זיין לעבן אַ מעת־לעת.
דער טאָג — דער פורמאַן — איז אַראָפּ פון אַלטן וואָגן,
וואָס טרעשטשעט שוין פון לאַנג אין דעם געזעם.

איצט ליגט ער רואיק לעבן ליבן ווייב פאַרשלאָפן
און זי — די נאַכט — גלעט צאַרט זיין גרויען קאָפּ.
די לעצטע שעה איז אַזוי שנעל פאַרבייגעלאָפן,
מען דאַרף זיך ווידער לאָזן אין גאַלאָפּ — — — —

# ווידער אין דער היים

אַזויפיל קילאָמעטער אָפּגעפאָרן,
און ווידער אין דער היים. דער פוילער קאָרן
איז אומעטום אַלצאיייניק איופּגעגאַנגען,
פון ברויט און שפּע זינגען איצט די זאַנגען.

נאָר בלויז די נעכט, זיי זענען אפשר שטילער,
דאָס ווינטל אפשר בלאָזט אַ ביסל קילער,
עס שמעקן אפשר אַנדערש דאָ די בלומען
און אייפעריקער — פון דער בין דאָס זשומען.

און אפשר זענען דאָ די גראָזן גרינער,
די סאָסנעס העכער און די בזשאָזעס דינער,
און שאַרפער איז דער ריח פון זשיוויצע,
דער טיפער שניט פון זומערדיקע בליצן.

# מעוועס

די שניי־ווייסע פליגל פֿאַנאַנדערגעשפּרייט,
זיי אַנקערן לייכט אויף די וועלן
און וויגן זיך, וויגן זיך שטילינקערהייט,
ווי קינדערלעך קליינע אויף שוועלן.

און קינדערלעך קליינע, וואָס שטייען ביים ברעג,
מיט זון אין די ליכטיקע אויגן —
עס דאַכט זיך, זיי וואָלטן צו שענערע טעג
אויף פליגל פון מעוועס געפלויגן.



די גרינע לאָנקעס שניידן דורך ווייס־שוואַרצע פלעקן,
אַ שאַך־ברעט איז דאָס פּאַשע־פעלד און די פיגורן —
קעפּ געבויגענע און ברייטע טלאָען,
וואָס באַוועגן פויל זיך לויט די שפּורן
פונעם טאָג דעם נעכטיקן.

ס'האָט קיינער נישט געצייכנט זיי די וועגן.
פון זיך אַליין געטריבענע זיי גייען,
ווי די וואָלקנס אויפן הימל־בלוי
אַנטקעגן זון דער גאָלדענער
צום טייכל צו
און שפּיגלען זיך אין וואַסער — — —

## אין שטילקייט

שטיל איז אַרום, בלויז די צווייגן
רוישן אין ווינט.
שטער נישט די רגע פון שווייגן,
מיין קינד.

ווער ווייסט, וואָס אין ערדן זיך בלעזלט
אין אָט דער מינוט,
וואָס גייט איצטער אויף אינעם גרעזל,
אין טראָפּנדל בלוט?

ס'איז יעטוועדע רגע פון ווערן
געהייליקט אין פּיין,
דערפֿאַר אפשר לעשן זיך שטערן
אין פרימאָרגן־שיין.

שטיל איז אַרום, בלויז די צווייגן
רוישן אין ווינט.
שטער נישט די רגע פון שווייגן,
מיין קינד.

## אַ וויינענדיקע ווערבע

איך האָב געזען אַ ווערבע שטיין
אינמיטן פעלד אין לערן.
פון צווייגן האָט אַראָפּגעווייַנט
מיט גאָלדיק־גרינע טרערן.

און ס׳האָט דער ווינט געגלעט די קרוין,
געצערטלט און געטרייסט זי.
נאָר ווער קאָן דען אַ שטומען בוים
באַפרייען פון זיין ווייטיק?

אַ שטומען בוים? אָ, ניין, נישט שטום
ז׳די וויינענדיקע ווערבע.
אין טיפער שטילקייט פון אַרום
איר טרויער קאָן מען הערן.

## רעגן

דער רעגן האָט מיין פֿענצטער מיט פֿייכטקייט באַהויכט,
די נאַכט איז שוואַרץ,
נישטאָ קיין שטערן.
ערגעץ ביי אַ ראָג עס לויכט
די בלאַסע שיין פֿון אַ לאַמטערן.
טיף ביי מיר אין האַרץ
לויכטן אויף פֿאַרלוירענע באַגערן.

דער רעגן קלאַפּט אין פֿענצטער שטיל.
אויף גלאַנציקן אַספֿאַלט
הילכן טריט.
איך קוק זיך איין אין דעם פּראָפֿיל
פֿון דער נאַכט,
דער רעגן פֿאַלט
אַריין אין יעדער גליד,
וואָס איז נאָך וואַך.

אויפֿן הימל הענגט אַ שירעם — דער טומאַן
און שאַפֿט אַ פֿינצטערע מחיצה
צווישן מיר און וועלט.
נאָר בלויז איין שפּאַן
טיילט אָפּ מיך פֿון די שטורעם־בליצן,
וואָס האָבן אויפֿגעהעלט
ווי דער באַגין —
ביים שוועל.

## טויבן

דער אַלטיטשקער מאַן, וואָס שיט יעדן באַגין
פּיצינקע קרישקעס די טויבן,
זעט אויס אויפן גאָרן, אַנטקעגן דער זון,
אַליין, ווי אַ טויב הינטער שויבן.

ווען ס'האָבן די טויבן זיך גוט אָנגעפּיקט
און פליען אַוועק אין די ווייטן,
זיי נעמען מיט זיך דאָס פאַרבאָרגענע גליק,
כדי איבער ערד עס פאַרשפּרייטן.

## שטיל גייט אויס דער טאָג

אין מיין וועלט — דעם קליינעם גאָרטן —<br>
האָט שוין אַפּגעוועלקט דער זומער.<br>
אויף שמאָלע סטעזשקעס<br>
פאַלט דער שאָטן פונעם האַרבסט<br>
און ווייטע שטראַלן —<br>
פאַסמעס גאָלד<br>
פּלאָנטען זיך<br>
ביי מיינע טריט.<br>
שטיל, שטיל<br>
גייט אויס דער טאָג<br>
און צאַפּלט זיך<br>
אין נעץ פון די שטאַכעטן.

## דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ גרויער

דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ גרויער,
אַ נעפּל הילט די גאַסן איין.
כ'פֿאַרהאַלט מיין טראָט ביים שוועל פֿון טויער —
די וועלט ווערט פּלוצעם אַזוי קליין.

וווהין איך זאָל דעם בליק נישט ווענדן,
וואַקסט אויס אַנטקעגן מיר אַ וואַנט
און ס'דאַכט זיך, שוין, דאָ איז די ענדע,
כאָטש נעם דערלאַנג זי מיט דער האַנט.

דאַן שטרעק איך אויס די האַנט אין ווייטן
און ווי אַ בלינדער נעם איך גיין,
און זע — די וועלט ווערט גרעסער, ברייטער,
דורך גרויקייט שלאָגט זיך דורך אַ שיין.

## פון יענער זייט באַרג

פון יענער זייט באַרג עס מיניען זיך פאַרבן:
גרין און בלוי און גאָלד און געל.
די זון אַ מידע האַלט ביים שטאַרבן
אויף אַ ווייטער, קאַלטער שוועל.

אַ האַלבע פייערקייל איז שוין פאַרשניטן,
די צווייטע ראַנגלט זיך נאָך קוים —
געוואָלט צום טאָג צוריק אַ פליטאָן,
נאָר פאַרטשעפּעט אין אַ בוים

געבליבן הענגען צווישן צווייגן
אַ פאַרמשפּטע צום טויט.
וועט זי אַ גאַנצע ווידער שטייגן,
וועט זי ווידער שיינען רויט? — — — —

## שניי

דער שניי אָן אויפהער שיט און שיט
און האָט שוין אַלץ אַרום פאַרדעקט,
נאָר בלויז די באַרג־ווענט פון גראַניט
שטייען נאַקעטע ביים וועג,

גלייך ווי זיי וואָלטן זיך אַליין
אויסגעטאָן פון ווייסן בינד
און באַלד זיי וועלן נעמען גיין
אַנטקעגן וואָיענדיקן ווינט.

און זיין וועט מער נישט קיין שום קראַפט,
וואָס זאָל זיי אָפּשטעלן אין גאַנג,
דער וואַלד וועט נאָכקוקן פאַרגאַפט,
ווי ס'ציט אַ שאָטן אויס זיך לאַנג

און ערגעץ־ווו אין ווייטער ווייט,
ביי אַ קרומען וועג־פאַרדריי
פאַרשווינדן וועט פון בערג די קייט — — — —
אָן אויפהער שיט און שיט דער שניי.

## ווינטער־פּייזאַזש

איינגעהילט אין ווייסן שנײ
שלאָפן הייזקעס ביי דעם ראַנד
פונעם הויקערדיקן וועג.
ערגעץ פאָרט אַ פור פאַרביי
און דאָס פערדל אין געשפּאַן
שלעפּט נאָך זיך אַ שאָטן־פלעק.

אויפן ווייסן האָריזאָנט,
שווימט אַ שיפל, ווי אין ים,
נאָר דער שיפער איז נישטאָ,
פאַלט עס צו די ביימער נאָנט,
שוועבט פאַרביי אַן אַלטן שטאַם —
רייסט פון אים זיך אָפּ אַ קראָ.

שוואַרצע קראָ אויף ווייסן פעלד
מאַכט אַ קרייז און שטעלט זיך אָפּ,
זוכט פאַר זיך אויפסניי אַ נעסט.
איז איר פרעמד אַזוי די וועלט,
וואָס אין שנײ באַהאַלט דעם קאָפּ,
אין די איינזאַמע פאַרגעסט — — — —



און ווייסן געווירבל פֿון שניי און פֿון ווינט
פֿאַרגייט איצט אַ יאָר און ס'וועט קומען אַ צווייט
מיט אומרו און הייסן בטחון באַגלייט —
און ווייסן געווירבל פֿון שניי און פֿון ווינט.

און פּונקט ווי אַמאָל מיט געהויבענעם קאָפּ
כ'גיי ווידער אַנטקעגן דעם שניי און דעם ווינט
און בעט ביי אים רחמים: אָ, מאַך מיך נישט בלינד,
די שיין פֿונעם מאָרגנרויט נעם מיר נישט אָפּ...

# אין מדבר

די שפּאַנסט דורך גליענדיקע מדבר־זאַמדן
אַ מידער פֿון דער ברענענדיקער היץ,
דער בליק, אַ דורשטיקער, מעסט אויס די ראַנדן
און הענגט זיך אָן ערגעץ אויף ווייטסטן שפּיץ,

ווו, כוואַליענדיק זיך, האַלט די זון בייַם שטאַרבן
און שטאַרבנדיק, זי צינדט דעם מדבר אָן.
אָ, קאָנען דאַן אַ טרונק טאָן פֿון די פֿאַרבן,
דעם גומען לעשן מיט דעם הימל־בלאָ!

און ווייטער גיין, און ווייטער גיין,
א״ן נאָכיאָגן די זונען־שיין
נישט לאָזן זי פֿאַרשווינדן!
אין הייסע זאַמדן טאָן אַ פֿאַל,
בייַם לעצטן, לעצטן זונען־שטראַל
זיך אויפֿהיילן די וווּנדן.

## פאַרטאָג אויפן וואָקזאַל

דער טאָג האָט אויפגעדעקט די פאָרהענגלעך פון בלוי<br>און שטיל —<br>פאַרהילט די טריט אין ווייכן טוי —<br>אַריינגעשלייכט זיך דורך די שויבן<br>פון וואקזאל,<br>אַ רגע בלויז געבליבן שטיין<br>ביים שיכורן בופעט<br>און ווייטער זיך אַוועקגעלאָזט<br>אויף טישן, וווּ פאַרוויגטע קעפ<br>וואַלגערן אַרום זיך צווישן פלעשער<br>אויסגעליידיקטע פון ביר.<br>אַ קאָפ — אַ פלאַש<br>האָט אויפגעמאַכט די אויגן<br>און דערזען —<br>אַ בלאַסע שיין.<br>הייבט ער זיך פאַמעלעך אויף<br>דאָס העלדזל זאָל חלילה נישט צעברעכן זיך,<br>און קוקט זיך אַיין<br>אין שכן זיינעם<br>אויף יענער זייט פון טיש.<br>זיין קאָפ<br>איז נאָך פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף,<br>נאָר בלויז דאָס מויל —<br>אַ זעקעלע אַ קליינס —<br>האָט ברייט צעעפנט זיך,

אַנטפּלעקנדיק אַ שורה געלע ציין.
וויטער —
אַ קאָפּ — אַ קלומעקל —
פאַרוואָרפן אויף אַ שמאָעלר פּלייצע
וויקלט אויף זיך פון אַ שוואַרצן שאַל,
ווי ער וואָלט וועלן אָפּוואַרפן פון זיך
די רעשטלעך נאַכט,
וואָס הויערן נאָך אַלץ
אין דעם אַרום — — —

## „העברעישע מעלאָדיע“

פיל איז דער טעאַטער־זאַל.
ווינטער־אָוונט. דאַמען, הערן.
פון קלאַווישן פליסן די ראַפּסאָדיעס.
פלוצים, ווי ס'וואָלט טונקלקייט אַדורכבליכטן אַ שטראַל
שפּילט אַ פידעלע אויס דין קוים צו דערהערן —
די „העברעישע מעלאָדיע“:

ציטערנדיקע, אומעטיקע פּיציקאַטאָען —
זומער־טאָג. אַ מדבר. ווינטן בלאָזן.
פאַרשווינדן וועט דער זאַל ערגעץ אין ווייטן.
... אונטער גליִאיק־ווייסע הימלפאַרגאַנגען
וואַנדערט אום אַ פאַסטעכל פאַרלאָזן
און זוכט די שעפעלעך מיט הוי פון פייפל.

שאָטנס מיניען זיך איבער בלויען הימל —
הויקערדיקע קעמלען, שפּור פון טלאָען.
עס שפּרודלט ערגעץ־ווו אַ קוואַל:
און פון ווייַן טיף די פּיציקאַטאָען קומען —
לויטערער געזאַנג פון יונגע פרויען,
ווי די לויטערקייט פון יאַספּער־פאַל.

לעצטער אַקאָרד ווערט אַנטשוויגן —
ווינטער־אָוונט. הערן, דאַמען.
אומעטיקער ווערן איצטער די ראַפּסאָדיעס,
ווי מישן זיך צוזאַמען מיט דעם אַלטן ניגון,
וואָס שוועבט יאָרטויזנטער דורך פלאַמען —
די געלייטערטע „העברעישע מעלאָדיע“.

# אין זוניקן בלענד

באַגרינט און באַגאָלדיקט אין זוניקן בלענד,
אַריבער צעכוואַליעטע קעפּ די קומסט אָן —
די מאַשטן עס זענען דיר טויזנטער הענט,
מיין טייערע רויטע ערשטמאַיקע פאָן.

און ווידער גייט איף פאַר מיין בליק יענער מאַי
ווען רויטער געוואָרן פון בלוט איז דיין פאַרב,
אַ זעגל אויף ווינט, צווישן פייער און בליי —
אַזאַ די האָסט זיך אין מיין האַרץ איינגעקאַרבט.

און ס'טראָגט דיך דער ים צו אַ ליכטיקן ברעג —
אַליין ביסט די שיף און אַליין דער לאַמטער.
דו פירסט און דו ווייזט אונדז די ריכטונג, דעם וועג,
און ס'שרעקט אונדז קיין שטורעם, קיין פעלז שוין נישט מער.

איצט זע איך דיך ווידער, מיין מאַיקע פאָן,
באַגרינט און באַגאָלדיקט אין זוניקן בלענד,
אין יום־טוב, וואָס ס'האָט דיר דאָס פאָלק אָנגעטאָן,
דו פלאַטערסט אַ שטאָלצע אין אונדזערע הענט.



אויף די פּעלדער זינגען זאַנגען,
בייגן צו דער ערד זיך אָן,
ווי זיי וואָלטן פאַר די קלאַנגען
זוכן דאָרט אַ שטילן טאָן.

נאָר אין ערדנס איינגעווייד
איז קיין שטילקייט נישט פאַראַן,
יאָרן טויזנטער דאָרט ריידן
מיט דער שפּראַך פון אַ ווולקאַן.

הערן זיי זיך צו, די זאַנגען,
(ווער ווי זיי פאַרשטייט דעם זין?) —
און דער מוטער־ערדס פאַרלאַנגען
ווישן זיי אריין אין ווינט.

# בלעטערפֿאַל

די בלעטער יאָגן זיך,
די בלעטער טראָגן זיך
נאָך מיינע טריט,
דער זומער דעמערט שוין,
פֿון יעדער ביימער־קרוין
מיט גאָלד זיך שיט.

— וווּהין די איילעניש,
דו קאָנסט אַ ווײַלע נישט
דען בלייבן שטיין?
באַלד וועט די פֿאַרבן־שפּיל
צערינען, שטאַרבן שטיל
און מער נישט זײַן.

צו ווײַסער בלענדעניש
נישט זײַן קיין ענדע וועט —
בלויז שניי און זון.
נעם כאָטש אַ בלעטל מיט,
אַז דו זאָלסט שפּעטער גוט
געדענקען אונדז — — — —

איך הער און בייג זיך אָן,
נאָר ס'האָט אַ בלאָז געטאָן
אַ שאַרפֿער ווינט.
מײַן האַנט בלייבט אויסגעשטרעקט —
אויף שוואַרצער ערד אַ פֿלעק -
דאָס גאָלד פֿאַרשווינדט.

# אַ באַנק אין גאָרטן

אוי, ווי ס'טוט מיר באַנג
די באַנק אין גאָרטן,
ווי לאַנג איז דען, ווי לאַנג
ווען איך האָב דאָרטן
געשפּילט זיך מיט דיין האנט
דער ווייכער, צאַרטער
און האָב פאַרשפּילט אַ פּאַנט —
מיין האַרץ דאָס האַרטע.

איצט שטייט זי פּוסט, די באַנק
און אונדזער גאָרטן,
די ביימער זענען קראַנק
פון לאַנגן וואַרטן,
דער פרילינג קוקט נאָך אוים,
צי וועסטו קומען,
פאַרגרייט האָט דיר זיין שוים
מיין פריינד — דער זומער.

מיט בלעטער האָט די באַנק
דער האַרבסט באַצויגן,
זיין גאָלד איז אַ געשאַנק
פאַר דיינע אויגן,
פון אומרו און פאַרדראָס
ווערט ווינטער האַרבער —
אָ, לאָז נישט, כ'בעט דיך, לאָז
מיין האַרץ נישט שטאַרבן.

# אין דיינע שטילע הענט

אין דיינע שטילע הענט איך גיב זיך איבער, שוועסטער,
און טו מיט מיר אַזוי, וואָס דיר נאָר וויל געפעלט.
ווען דיינע פינגער ווערן פון מיין בלוט די מעסטער,
שטאַרבט און פונדאַסניי געבוירן ווערט אַ וועלט.

און איך וואָלט וועלן אַז די וועלט אַריבערשפּרייזן,
בלייבן זאָלן מיר אין ווייטן „ערגעץ־נישט" אַליין,
אַריבער אונדז זאָל בלויז אַ גוטער שטערן קרייזן
און דיינע אויגן זאָלן מיר אַ שפּיגל זיין.

און שטענדיק ווען איך וועל אין אים זיך אָפּגעפינען
זאָל איך ווידער יונג זיין, ווי אין יענער ווייטער נאַכט,
ווען ס'האָבן דיינע בלייכע פינגער — שלאָפלאָזע דינע —
דעם סודותדיקן שלאָס — דאָס האַרץ מיינס — אויפגעמאַכט.

## געזעגענונג

אויף צווייען האָט דער צוג די נאַכט צעשניטן
און מיטגעשלעפּט מיט זיך אַ שטיל געוויין,
און איך פּרווו אַלץ דעם קאָפּ מיינעם צעגליטן
אָפּקילן אין שאָטן פון דער גרינער שיין,
וואָס פאַלט אויף מיר פון סעמאַפאָר דעם ווייטן.
נאָר באַלד הילט ווידער מיך אַרום די נאַכט,
אַ שוואַרצקייט טראָגט זיך אָן פון אַלע זייטן
און כ'בלייב, ווי אין אַ כישוף־רינג, פאַרמאַכט.

ווי עפּעס וואָלט פון מיר זיך אָפּגעריסן,
האָב איך ערשט איצט דעם גאַנצן וויי דערפילט,
און ווי אַ הייסער שטראָם נעמט ווידער פליסן
דאָס בלוט, וואָס איז געווען אין מיר פאַרקילט.
אַלץ האַסטיקער און האַסטיקער עס קרייזט אַרום,
ווי עס וואָלט וועלן מיט דעם לויף דעריאָגן
דעם צוג, וואָס איז אַוועק מיט אַ געברום,
די טרערן, וואָס ער האָט אַוועקגעטראָגן — — — —

# פאַרוואָס איז באַנג מיר

פאַרוואָס איז באַנג מיר — פרעגסטו ליבע —
אין די גרויע טעג פון האַרבסט?
פאַרוואָס כ'ווער אומעטיקער, טריבער
און דער שטערן מער פאַרקאַרבט?

ווי זשע זאָל איך דיר דערקלערן,
גלייב, איך ווייס עס נישט אַליין.
אין די קאַרבן פונעם שטערן
קוק זיך אויפמערקזאַמער איין.

וועסט דאָרט אפשר אויסגעפינען
יענעם אומבאַקאַנטן שטריך,
וואָס געוואָלט האָט ער אַנטרינען
אויף מיין וועג פון זיך צו זיך,

נאָר ס'האָט האַרבסט איב, ווי אַ דאָרן,
מיט זיין טרויער אָנגעקלײדט —
איז דער וועג מיר ווייט געוואָרן,
אָך, ווי ווייט!

# אָן דיר

ווי פּוסט איז אַלץ אַרום
אָן דיר.
די ביימער שטייען שטום
אָן דיר.
אין פענצטער ווייזט די בלום
אָן דיר.

די נאַכט צערייסט איר טיול
אָן דיר.
דער טאָג ווערט גרוי און דול
אָן דיר.
ווייל אין מיין האַרץ איז פול
מיט דיר.

## דיינע אויגן

דיינע אויגן — צוויי בורשטינענע,
דיינע ליפּן — קאַרשן צוויי.
שווער געווען זיי צו געפינען,
שווערער נאָך פאַרלירן זיי.

פון דיין פּנים כ׳וועל די בלייכקייט
איינרעמען אין הימל־בלוי.
כ׳וועל פון דיינע האָר די ווייכקייט
וואַשן מיט פרימאָרגן־טוי,

דיין אַיעדן טראָט כ׳וועל היטן,
ווי דעם ערשטן קינדער־גאַנג.
דו וועסט פון מיין האַרץ צעגליטן
זיין דאָס אייביקע געזאַנג.

## וועסט קומען?

זי האָט געפרעגט: וועסט קומען נאָך אַמאָל?
— כ׳וועל קומען, ליבסטע מיין.
ביים שיין פון רויטן זון־פאַרגיין
כ׳וועל ווידער זיין אין טאָל.

און כ׳בין אַוועק. עס האָט איר קול
באַגלייט אין וועג די טריט,
ווי צויבער־קלאַנגען פון אַ ליד —
וועסט קומען נאָך אַמאָל?

היינט וועלקן דאַרטן שוין די בלומען
אין דעם גרינעם טאָל.
איך ווייס איך נישט — צי וועל איך קומען,
צי וועל איך קומען נאָך אַמאָל.

נאָר אויב כ׳וועל קומען דאָרט אַהין
און דו וועסט מער נישט זיין,
וווּ זאָל איך אויפזוכן דיין שטים
ביים רויטן זון־פאַרגיין?

איז אפשר דיר דאָס וואַרטן שוין דערעסן
און דו אַליין האָסט שוין דיין שטים פאַרגעסן? — — —

# דער ווינט האָט פאַרטראָגן

דער ווינט האָט מיין היטל פאַרטראָגן,
דער האַרבסטיקער שטיפער, דער ווינט,
איז לאָמיר עס זוכן, דעריאָגן —
אַ קוש באַקומט דער, וואָס געפינט.

די לאָז זיך אויף רעכטס, ווי די ביימער
פאַרצוימען דעם שמאָלינקן וועג,
און איך וועל אויף לינקס צו די שטיינער,
וואָס קוואַלן מיט וואַסער — אַוועק.

און נאָכדעם צוריק דורך די גראָזן
פון פעלד, און דער קרייז איז פאַרמאַכט...
דער ווינט האָט געהערט און געבלאָזן,
און האָט פון אונדז ביידן געלאַכט,

און האָט אונדז ווי קינדער פאַרנאַרטע,
געטריבן אַלץ ווייטער אין פעלד.
— אויף קושן זיך דאַרף מען נישט וואַרטן —
גערופן האָט ער און געקוועלט.

# אַ צווייגל בעז

איך עפֿן אויף דעם העפֿט מיט אַלטע היעראָגליפֿן —
„א" פּלוס „ב" פּלוס „צ" — אין קוואַדראַט און אין קוב —
און פּלוצים, ווי איך וואָלט געווען בגילופֿין
נעמט זיך דרייען אַלץ אַרום, וואָס איז אין שטוב.

פֿון צווישן האַרבע אַלגעבּריאישע פֿאָרמולעס
קוקט אַרויס אַן אויסגעטריקנט צווייגל בעז
און איך זע ווידער דיינע אויגן טרויערפֿולע,
צאַפּלענדיקע זיך ווי פֿייגעלעך אין נעסט.

אָ, וויפֿל יאָרן זענען שוין זינט דאַן פֿאַריבער
ווען באַהאַלטן האָב איך אָט דאָס צווייגל בעז
און דאָך, עס לעבט נאָך אַלץ, עס לעבט נאָך אַלץ מיין ליבע —
די צייט קאָן זיין — נאָר קיינמאָל נישט דאָס האַרץ — פֿאַרגעסט.

# זומער ביים ים

באַגריסונג

א גוט מאָרגן דיר, באַלטישער ים,
דיין געזאָלצענעם טעם
איך פיל נאָך אַצינד אויפן גומען,
עס איז קוים אַריבער א יאָר
און אָט בין איך ווידער געקומען
מיט דיר זיך באַגריסן.
ווי נאָך איז דער טאָג אַזוי קלאָר,
די נאַכט אַזוי שטיל, אַז פאַרשליסן
מען קאָן זיך אינגאַנצן
אין אייגענעם קרייז פון זכרון,
און אין דיין זילבערדיק גלאַנצן
אזוי ווי אין שפיגל
דערזען די פאַרגאַנגענע יאָרן?

איך זיץ אויף דיין זאַמדיקן ברעג —
אַ מרגל ביים ראנד פון א היגל,
און זוך די פאַרלוירענע טעג
אַזוי ווי אַ קינד זוכט זיין וויגל,
וואָס איז שוין נישטאָ מער אין צימער.
צי איז עס געווען אויף דער וואָר,
אָדער — געווען איז בלויז שימער?

# אין פישער־דאָרף

„דער ים האָט געלאַכט“
(מאַקסים גאָרקי)

נישט געלאַכט האָט דער ים, נאָר געוויינט,
און איך האָב געהערט זיין געוויין.
ס'האָט מאַלווא אין פישער־דאָרף היינט
נישט געוואָלט מיט מיר בלייבן אַליין.

מאַלוואַ, די מלכה פון ים, די מויד,
וואָס האָט מיך געררייצט און געלאָקט
איז פאַרשווונדן געוואָרן און רויט
האָט די נאַכט זיך פאַרוואַנדלט אין טאָג.

געזוכט האָב איך מאַלוואַס געשטאַלט
אין כוואַליעס, אין זוניקער שיין,
איך האָב זיך פאַרשטעקט אינעם וואַלד,
געוואַרט, אַז דער טאָג זאָל פאַרגיין,

נאָר לאַנג האָט געדויערט דער טאָג,
פון וואַרטן געוואָרן כ'בין מיד,
אין האַנט כ'האָב גענומען אַ שטאָק,
געלאָזט זיך מיט אייליקע טריט

אַהין, ווו ס'איז מאַלוואַ אַוועק.
געגאַנגען בין איך נאָך איר שיין,
געגאַן מיט אַן ענדלאָזן וועג —
און דער ים האָט אָן אויפהער געוויינט.

# דאָס מיידל אין בלויען קאָסטיום

דאָס מיידל אין בלויען קאָסטיום
קומט יעדן באַגין אויפן פּליאזש,
זי זעצט זיך אַוועק און אַרום
ווערט שטילער פון כוואַליעס דער רעש.

עס דאַכט זיך, זיי הערן זיך צו
צום שפּילן פון פינגער אין זאַמד —
פאַרוואָס־זשע האָב איך נישט קיין רו
און ס׳רוישט אין מיין האַרצן דער ים?

# מיט אָפענע אויגן

מיט אָפענע אויגן און אָפענע אָרעמס
איך האָב זיך געוואָרפן אין וואַסער,
אין פּנים אַ כליופּע געטאָן האָט דער שטורעם —
אַ שניט מיט אַ בלאַנקענדיק מעסער.

דער ברעג איז געוואָרן אַלץ ווייטער און ווייטער,
ווי ער און נישט איך וואָלט געשווימען,
כאָר ס'האָט נישט פאַרלאָזט מיך מיין טרייער באַגלייטער —
די זון, וואָס געהאנגען אין הימל.

זי האָט מיך געפירט, גלייך ווי אויף דער יבשה,
און איך האָב איר שיין איינגעזויגן,
איך האָב זי געבענטשט מיט מיין יידישן לשון —
מיט אָפענע אָרעמס און אויגן.

## אַ בוים אין געטאָ

דער בוים האָט פאַרבראָכן די הענט — זיינע צווייגן,
צעפלאָשעט די גאָלדענע בלעטער — די האָר.
און איך הער זיך איין, ווי אין פאָרכטיקן שווייגן,
ער וויינט אויף מיין יונגן פאַרשניטענעם דור.

ער שעפּטשעט צו ערד און צו הימל אַ תּפילה,
מיט טרערן־זשיוויצע — באַגיסט זיך זיין שטאַם.
אָט זעט ער אויפסניי, ווי אין דעמערונג שטילער
שטרעקט אויס זיינע צונגען אַ העלישער פלאַם,

און לעקט אָפּ דאָס בלוט פון פאַרקויטיקטע ברוקן,
און שלינגט איין פּאַוואָליע אַ גאַס נאָך אַ גאַס,
נאָר אים גייט אַנטקעגן אַ גרייז־גרויער זקן
מיט אויגן, וואָס ברענען פון ווייטיק און האַס.

ער גייט און דערווינט פאָכעט אויף זיינע פּאָלעס —
צעבראָכענע פליגל, וואָס פאַלן אַראָפּ,
פון ווייט יאָגן נאָך אים פאַרשטיקטע יללות,
און שוועבן אַרום זיין פאַרהויבענעם קאָפּ.

באַלד וועט ער אַריין אינעם ים פון די פלאַמען
און ווערן אַליין אַ צעשייטערטע קויל.
נאָר זע, ער היפּט איבער פון פייער די צאמען
און לאָזט הינטער זיך דעם פאַרווונדערטן גרויל.

איצט זענען די טריט זיינע יינגער געוואָרן,
אויף פליגל פון פּאָלעס עס טראָגט אים דער ווינט,
גלייך ווי דער פלאַם וואָלט אויפסניי אים געבאָרן,
פון ווייטן ער זעט איצטער אויס ווי אַ קינד.

ער גייט און ער גייט און ער ווערט נישט פאַרשוווּנדן —
אַ פלעק, ער בלייבט הענגען אויף דעם האָריזאָנט,
מיט ערד און מיט הימל אויף אייביק געבונדן
ער לייכט ווי אַ פאַקל און וואָרנט און מאָנט — —

— — — — — — — — — — —

דער בוים האָט פאַרבראָכן די הענט — זיינע צווייגן,
צעפלאָשעט די גאָלדענע בלעטער — די האָר.
און איך הער זיך איין, ווי אין פאָרכטיקן שווייגן,
ער ווײנט אויף מיין יונגן פאַרשניטענעם דור.

## ביים דענקמאָל־שוועל

איינגעהילט אין טרויער פון דער נאַכט
מיין דענקמאָל שטייט אַן איינזאַמער
אין טויטן־פעלד
און וואַכט — — —

פון אַלע זייטן ציען מורדים
צו זיין שוועל
און שטעלן אויס זיך ריי נאָך ריי
צום קאַמפּס־אַפּעל.

דאָס וואָרט באַקומט דער באַראַבאַן —
זיין דראָבנע קלאַפּן ער צעשיט,
ווי פונקען ברענענדע דער שמיד
און ס'ענטפערט אים אַ ווייט געשריי:
— פאַראַן, פאַראַן!
און ס'טראָגט זיין ווידער־קול אַוועק
דער ווינט —
— פאַראַן, פאַראַן!
אין בליק פון קינד,
וואָס קוקט אויף דיר —
אַן אַלטער מאַן,
אין שטילן צאַפּל פון דער פרוי —
דאָס פּנים יונג — די האָר שוין גרוי,
אין וואַקלדיקן שפּאַן
פון פיס,
וואָס זענען דורכגעגאַן

דעם ראַנד פון טויט —
ער איז פאַראַן
דער ווייגעשריי
פון אַלע די,
וואָס זענען דאָ אַצינד נישטאָ,
וואָס האָבן נישט געהאַט קיין לעצטוע שעה,
פון זעקס מיליאָן
געקוילעטע, פאַרברענטע ייִדן.

— — — — — — — — — —

איצט קומען זיי פון אַלע זייטן אָן
צום קאַמפּס־אַפּעל
און ס'הילט זיי איין דער טרויער פון דער נאַכט
ביים דענקמאָל־שוועל.

## פֿאַראַן אַזאַ אָרט

פֿאַראַן אַזאַ אָרט אין מיין שטאָט
מיט גרינס און מיט הייזער פֿאַרפֿלאַנצט,
נאָר אומעטיק הילכט דאָרט דער טראָט,
די זון גייט דאָרט אויף, ווי אַ קראַנ־ק,
אויף קברים פֿאַרלאָזטע פֿון גאָט.

פֿאַראַן אין מיין שטאָט אַזאַ אָרט,
ווו ס'שפּילן זיך קינדערלעך פֿריי,
נאָר ס'טרעפֿט, איך דערהער ווען אַ וואָרט,
נעמט דורך מיך מיין מאַמעס געשריי
אין טאָג פֿונעם גרויזאַמען מאָרד.

און ווידער קומט אויף פֿאַר מיין בליק
פֿון פֿייער דער העלישער פֿלאַם,
ער רייסט זיך אין הייזער, דערשטיקט
מיט רויכן מיין אוראַלטן שטאַם,
וואָס האָט דאָ געזוכט אַמאָל גליק,

האָט לעבן געוואָלט אויף דער ערד,
ווו ער האָט פֿאַרוואָרצלט זיך טיף,
— פֿון אייגענעם שוויס זיך גענערט
נישט איינמאָל זיין בלוט האָט געטריפֿט
פֿון שונאימס פֿאַרהויבענער שווערד.

און ווידער איך זע ווי אַזוי
— מיין פֿאָלק גייט געפּענטעט צום טויט

דער הימל איז פּחדיק בלוי,
די ערד, ווי אַ זון־פֿאַרגאַנג, רויט
און ס׳הערט זיך אַ בייזער געוואָי — — —

נאָר פֿלוצים אין לופֿטן ברעכט אויס
אַ דונער — רייסט איבער די נאַכט,
מיין פֿאָלק פֿינעם גרוב איז אַרויס
צום אויפֿשטאַנד, צו הייליקער שלאַכט
אַנטקעגן געפֿאַנצערטער פֿויסט.

דער שונא אַ רגע בלייבט שטום,
ער האָט נישט געריכט זיך אויף דעם —
מיט נאָך מער פֿאַרווילדטן געברום
דעם געטאָ ער נעמט אין זיין קלעם,
און ווידער בלייבט שטיל דער אַרום — — —

— — — — — — — — — —

פֿאַראַן אַזאַ אָרט אין מיין שטאָט
מיט גריזם און מיט הייזער פֿאַרפֿלאַנצט,
נאָר אומעטיק הילכט דאָרט דער טראָט,
די זון גייט דאָרט אויס, ווי אַ קראַנק,
אויף קברים פֿאַרלאָזטע פֿון גאָט.

# דער לעצטער וועג

געווידמעט דעם אָנדענק פֿון מיין לערער
ישׂראל ליכטענשטיין, דעם מיטאַרבעטער
פֿון רינגעלבלום־אַרכיוו.

אַזוי גייט צום טויט דער לערער ישׂראל —
די ביינער פֿון זיינע תּלמידים אין טאַל,

געבליבן זיי זענען דאָרט עלנט, אַליין נאָר —
די טייערע שילער, די קינדערשע ביינער.

ער גייט און ער הערט אויף זיין וועג אויפֿן שווערן,
ווי ס'רופֿן די ביינער: אוי, לערער, אוי, לערער!

אַרום איז אַ שטאָט שוין אינגאַנצן פֿאַרטיליקט,
נאָר זיי האָבן אַלץ נאָך דעם טויט נישט באַוויליקט,

זיי ציִען זיך אַלץ נאָך צום לעבן — די ביינער,
נאָר ס'הערט זיי נישט קיינער, עס הערט זיי נישט קיינער.

האָט ער איינעם טאָל פֿון די ביינער גענידערט,
צוזאַמענגענומען די קינדערשע גלידער.

ער האָט מיט זיין אָטעם דעם טרייען און הייסן
די קינדערשע ביינדעלעך לעבן געהייסן.

— — — — — — — — — —

ביז היינט נאָך גייט אויף, ווי פֿון טיפֿע תּהומען,
אין שמייכל פֿון קינד — פֿון מיין לערער דער נאָמען.

## קינדער קומען מיר צו חלום

קינדערלעך טייערע,
קינדערלעך ווילע,
כ'זע ווידער אייך גייען דאָ
נאַקעטע הוילע,

און אייערע אייגעלעך,
שוואַרצע דערשראָקענע —
פּיצינקע פייגעלעך
רופן און לאָקן מיך:

ווער אויך אַ פייגעלע,
קום לאָמיר פליען
פון אונדזערע צווייגעלעך
צו יענע פּאַרפריען,

וואָס האָבן אין געטאָ
געשטעלט זיך אין פלאַמען,
אפשר עס וועט דאָרט
נאָך זיין כאָטש אַ מאַמע.

אפשר מיר וועלן
אויף חורבות, רואינען,
פון היימען די שוועלן
צוריק אָפּגעפינען

— — — — — — —

און ס'גייען די קינדער —
דורך שטעט און דורך גאַסן,
די פּיסלעך אין ווונדן,
די פּנימלעך נאַסע.

פון שווייס, צי פון טרערן?
פון בלוט, צי פון רעגן? — — — —
זיי גייען און ווערן
אַלץ מער אויף די וועגן.

זיי גייען און רייסן
אַדורך זיך דורך צוימען,
און אָט איז די ווייסל
מיט כוואַליעס צעשוימטע.

צי וועט זי פאַרשווענקען
די טריט איינגעשפּאַרטע,
די הערצלעך, וואָס בענקען
נאָך מאַמעשער צאַרטקייט? — —

זיי גייען און קוקן
נישט אום אויף צוריק זיך,
דיביימער, זיי בוקן
צו זייערע טריט זיך,

באַגלייטן די קינדער
מיט שטילע געוויינען,
די זון זיי באַוואונדערט
און העלער נעמט שיינען.

און ס'וואַסער, וואָס פריער
געווען איז נאָך לויטער,
הייבט אָן איצטער גליען,
ווערט רויטער און רויטער.

און צווישן דער רויטקייט
דער גאַנג ווערט פאַרשניטן,
אַרום בלייבט אַ טויטקייט,
און איך — אינדערמיטן.

## צו אַ יונגן חבר

אויף וואַרשעווער גאַסן, וואָס בליען איצט ווידער
מיט רויטס און מיט בלוי און מיט זוניקע לידער,
און יעטוועדער שמייכל, וואָס די נאָר באַגעגנסט,
טראָגט דיר די פּוילישע פריינדשאַפט אַנטקעגן —
קום מיט מיר, חבר פון ווייטע מקומות,
לאָמיר אַ ווײַלע אינײַנעם אַ טרוים טאָן.

דו זעסט אָט דעם וועג, ווו מיר גייען צוזאַמען?
עס האָבן מיין היים דאָ פאַרשלונגען די פלאַמען,
געבליבן פון איר איז קיין שפור נישט, קיין זכר,
די ערד פונעם בלוט איז געוואָרן בלויז ווייכער,
דער הימל פון רויך איז געוואָרן בלויז גרויער
און טיפער געוואָרן — דער מענטשלעכער טרויער.

קום מיט מיר, חבר, איך וועל דיר באַווייזן,
ווו מענטשלעכער ווילן געבראָכן האָט אייזן
און האָט פונעם פייער, אַ העליש צעגליטער,
אין אונדזערע הערצער זיך טיף איינגעשניטן.
דערוועגן אַיעטוועדער שטיינדל עס רעדט דאָ —
קום כ'וועל דיך פירן אין וואַרשעווער געטאָ — — — —

קום, כ'וועל דיר ווייזן, ווי ס'האָט יענער ווילן
די חורבות באַצויגן מיט רעפער און דילן,
שקעלעטן פון הייזער — מיט פלייש און מיט ביינער —
און דאָרטן, ווו בלייבן געזאָלט האָט נישט קיינער,
איז ווידער צום לעבן אַ שטאָט אויפגעקומען
מיט פרייד און געלעכטער, מיט ברויט און מיט בלומען.

זאָלן צעטראָגן זיך אונדזערע לידער
פון וואַרשעווער גאַסן, וואָס בליען איצט ווידער,
און איבער די לענדער, ווי טייבעלעך שוועבן —
אַ בשורה פון פרידן, פון גליק און פון לעבן.

קום מיט מיר, חבר, פון ווייטע מקומות,
לאָמיר אַ ווילע איניינעם אַ טרוים טאָן.

## „מיר איז גוט, איך בין אַ יתום"

מיר איז גוט,
איך בין אַ יתום —
ווייל איז מיר און גוט...

ס'ליגט מיין פאָלק
אין גרוב צעשאָסן
און עס זידט זיין בלוט.
דאָרטן איז דער קליינער מאָטל
מיט זיין ברודער עליע,
פאַר די מתים שפילט אַ ניגון
סטעמפעניום קאַפעליע,
טביה און מנחם־מענדל
ווישן זיך די טרערן,
קוקן ווי דערשוינט אויף זיי
די בלאָנדזשענדיקע שטערן.

— „זיי זשע נישט קיין יידענע —
זאָגט גאָלדע־סערדצע טביהן —
ווי קומען עס גאָר טרערן צו
אַ טויטן ייד — אַן אביון".
און גאָלדען עס פאָטאַקעווען
אַלע שיינע טעכטער —
רייסט פלוצעם אויף דאָס קבר זיך
פון אימהדיק געלעכטער.

— — — — — — — — —

און איך בין אין אַ טאָג אַזאַ
צום גרויסן גרוב געקומען
און האָב פון ווייטן מאַטלס קול
אויפסניי אין זיך פאַרנומען.

און זיינע ווערטער קלינגען נאָך
ביז היינט ביי מיר אין בלוט:
מיר איז גוט,
איך בין אַ יתום —
וויי, עס איז מיר גוט — — — —

## לאַכן איז געזונט...

לאַכן איז געזונט,
דאָקטוירים הייסן לאַכן...
נו, לאַכן מיר,
נו, לאַכן מיר,
אויף אַלע מינים שפּראַכן:
אויף יידיש און העבעיש און
אויף רוסיש און פראַנצויז,
אויף ענגליש, פּויליש, שפּאַניש אויך
מען לאַכט ביי אונדז אין הויז.

עס לאַכן קינדער קליינינקע,
וואָס ליגן נאָך אין וויג,
עס לאַכן אַלטע באָבעשים,
וואָס ציילן אויף צוריק
די יאָרן די פאַרלאָפענע
אין בלוט און אין געוויין,
די נעכט די נישט דערשלאָפענע
אין אומגליק און אין פּיין — — — —
עס לאַכן גרויע זיידעשים
און ווישן אויס אַ טרער —
פאַרשניטן אונדזער עדה איז,
וואָס בלייבט אונדז איבער מער?
עס לאַכן יידן פּשוטע
אין קלובן און אין קלויז —
מיט וויטיק און מיט קלעמעניש
מען לאַכט ביי אונדז אין הויז.

דאָקטוירים הייסן לאַכן,
לאַכן איז געזונט...
נו, לאַכן מיר,
נו, לאַכן מיר,
מיט אומרו און מיט בונט.
זאָל אונדזער לאַכן אויפטרייסלען
די זיילן פון דער וועלט,
זאָל אונדזער לאַכן אויפרייסן
די הערצער פול מיט קעלט.
זאָל אונדזער לאַכן אָפּהילכן
אויף הימל און אויף ערד. —
געגנוג שוין מיט די טרערן זיך
פון דורות־לאַנג גענערט!

לאַכן איז געזונט,
דאָקטוירים הייסן לאַכן...
נו, לאַכן מיר,
נו, לאַכן מיר,
דאָס מויל נישט צו פאַרמאַכן.
און אויב מיר וועלן אויפהערן
חלילה לאַכן שוין,
איז וואָס וועט דערמלט זיין פון אונדז,
זאָג —
שלום־עליכם־קרוין?!

## צו מיצקעוויטשן

און געזאָגט האָט לסוף פּוילן: ווער ס'וועט
קומען צו מיר, וועט זיין פריי און גלייכ־
בארעכטיקט, ווייל איך בין די פרייהייט.
(פון די „ספרים פון פּוילישן פאָלק און פון
דער דער פּוילישער פּילגרימערײַ“).

און איך האָב אויך דיין ערד באַטראָטן
נאָך שווערע יאָרן פונעם וואָגל,
און, ווי מיט טריבע רעגן־טראָפּנס,
איז פול געווען מיין האַרץ — דער לאָגל —
מיט וויי און ביטערניש פון דורות.
געזוכט האָב איך ביי איר אַ האַפן,
וווּ אויסצולאָדן מיינע סחורות,
און פון מיין אַלטן גייסט — דאָס שאַפן.

וואָס האָב איך דען מיט זיך פאַרנומען? —
באַרויבט פון אַלץ, פאַריאָגט, פאַרטריבן,
איך בין אין פּוילן־לאַנד געקומען,
און, ווי עס שטייט ביי דיר געשריבן —
געהאָפט צו זיין דאָ גלייך מיט גלייכע,
אַ בירגער צווישן בירגער פרייע.
נאָר ביז כ'האָב דאָס געקאָנט דערגרייכן,
געצאָלט כ'האָב טייער, זייער טייער.

געצאָלט איך האָב מיט פּיין און טרערן,
עס האָט די ערד זיי קוים פאַרדייעט —
אין רויש פון וואַלד מען קאָן נאָך הערן

דעם ווידערקול פון ווייגעשרייען.
געצאָלט איך האָב מיט לייב און לעבן,
נישט ווייניק בלוט כ'האָב דאָ פאַרלאָרן,
נאָר וואָס מער בלוט כ'האָב אָפּגעגעבן,
איז אייגענער מיר אַלץ געוואָרן.

אזוי קאָן אייגן זיין אַ מאַמע,
וואָס האַט אין שויס דיך אויסגעטראָגן,
די ערד אין וואַלד — די ביימער־שטאַמע,
וואָס האָבן וואָרצלען טיף געשלאָגן.
אַזוי עס קאָן נאָר בלויז דעם פויער
דאָס שוואַרצע קאָרן־ברויט זיין אייגן,
אַזוי איז נאָענט בלויז דעם בויער
דאָס הויז, וואָס האַלט נאָך אַלץ אין שטייגן.

# דאָס ליד פון טשע טשין־האַ

שווער צו זאָגן וויפל יאָר
איז אַלט די קליינע טשע טשין־האַ.
שוואַרצע אויגן, שוואַרצע האָר,
אַ קורצנאָזיקע אַזאַ.

נאָר ווען ס'זינגט אויף טשע טשין־האַ
איז זי מער שוין נישט קיין קינד —
פונעם הויכן פעקטוסאַן
רוישט אין קול אירן דער ווינט.

פון קאָרעער פעלדער ווייט
פילסט דעם זיסן אַראָמאַט,
הערסט דעם שטורעם פון דער צייט
און דעם ציטער פון אַ בלאַט.

הערסט דאָס צאַרטע מיידל־ליד,
און דעם רויש פון אָקעאַן,
און די זעלנערישע טריט —
ווען עס זינגט אויף טשע טשין־האַ.

און אָט, דאַכט זיך דיר, זי שפּאַנט,
אונדזער קליינע טשע טשין־האַ,
זוכט איבערן גאַנצן לאַנד:
מאַמע, מאַמע, מאַמע, מאַ!...

שווער צו זאָגן וויפל יאָר
איז אַלט די קליינע טשע טשיך־האַ.
שוואַרצע אויגן, שוואַרצע האָר,
אַ קורצנאָזיקע אַזאַ.

# ביינאַכט אויף דער וואַרשעווער אַלטשטאָט

I

ביינאַכט אויף דער וואַרשעווער אַלטשטאָט —
ווי רואיק און שטיל איז אַרום,
אויף געפּעלעך הילכט יעדער טראָט אָפּ,
פון פענצטער באַגריסט דיך אַ בלום.

די ווענט מיט סקולפּטורן באַצירטע,
נאָר שטום איז דער גיפּס און דער שטיין,
בלויז שאָטנס פון ערגעץ פאַרפירטע
דערמאָנען — ביסט דאָ נישט אַליין.

ווען זיי וואָלטן קענען דערציילן,
די גרויע אַלטשטאָטישע ווענט,
ווען ס'וואָלטן די טויערן־היילן
ווי מיילער איצט רעדן געקענט — — —

ווען זיי וואָלטן קענען דערציילן —
מעג ס'וואָרט זייערס זיין איצטער האַרב,
נאָר ס'ווילן די ווענט זיך נישט טיילן
מיט סודות אין שטיין איינגעקאַרבט.

II

איך גיי אויף מאָסטאָווע און פרעטע,
אויף שמאָלן און ברייטן דונאַי —

ווי ס'וואָלטן זיך אויפמישן בלעטער
אין בוך פון פאַרגאַנגענער צייט.

אָט זענען געהייקערטע הייזלעך,
— די ערשטע ביים ווייסלשן ברעג
דאָ פלעגן זיך מענטשן באַווייזן,
פון וואַנדער פאַרהאַלטן אין וועג.

אַ ישוב פאַרלייגט ביי דער ווייסל,
פון ישוב געוואָרן ז'אַ שטאָט,
פון ליידן געזוכט האָט אַ טרייסט דאָ
דער פּראָסטער המון, דער „נאַראָד".

אָ, וויפל באַהאַלטן דאָ סודות,
די גרויע אַלטשטאָטישע ווענט,
ווען זיי וואָלטן קענען דערציילן,
ווען זיי וואָלטן רעדן געקענט — — — —

III

קאָן זיין, מיטן וועג, וואָס איך גיי דאָ,
מיט הונדערטער יאָרן צוריק,
— געקומען אַהער איז מיין זיידע
אויף לענדן פאַרצויגן אַ שטריק,

און דאָ, ביי די ווייסלשע ברעגן,
זיין איינזאַמע בויד אָפּגעשטעלט,
געוואָלט זיך באַשיצן פון רעגן,
פון שטויב און פון ווינט און פון קעלט.

צי האָט זי אַ שוץ אים געגעבן,
די אַלטע, די וואַרשעווער ערד?
צי האָט זי פאַרהיט אים דאָס לעבן,
זיין תפילה די לעצטע דערהערט?

קאָן זיין, מיטן וועג, וואָס איך גיי דאָ,
און הער מיינע אייגענע טריט,
געגאַן איז געבויגן פון ליידן
אַן ערשטער, אַ וואַרשעווער ייד?

ווער ווייסט איצטער, וווּ זיין געביין איז,
וווּ זוכן זיין אָנדענק, זיין שפּור,
אפשר פאַרקריצט דאָ אין שטיין איז
דער אָטעם פון אים און זיין דור?

אָ, וויפל באַהאַלטן דאָ סודות,
די גרויע אַלטשטאָטישע ווענט,
ווען זיי וואָלטן קענען דערציילן,
ווען זיי וואָטלן רעדן געקענט — — — —

IV

איך גיי אויף אַלטשטאָטישע גאַסן,
די נאַכט ווערט אַלץ טונקעלער, שוואַרץ,
פון פינצטערניש טויכט אויף אַ מאַסע —
מיט איר פלאַטערט אויף אויך מיין האַרץ.

און אָט, דאַכט זיך, צוימען זיך ברעכן,
אין פלאַמען צעגייט זיך די נאַכט —
דאָס פירט באַלמעלאָכישע צעכן
קילינסקי, דער שוסטער, אין שלאַכט.

צוזאַמען מיט וואָגסן פאַרדרייטע,
עס פלאַטערן פאות און בערד,
און רויט ווערט דער הימל דער ווייטער,
עס ציטערט די פוילישע ערד.

און, ס׳דאַכט זיך, איך הער יענעם ציטער
וויברירן איצט אונטער די טריט,

ער האָט דורכן בייזן געוויטער
פון צייטן זיך אַלץ נאָך פאַרהיט.

אָ, וויפל מאָל זענען נאָך שפּעטער
געוועזן דאָ עדות די ווענט
פון דונאַי, מאָסטאָווע און פּרעטע,
ווי וואַרשע אין שלאַכט האָט געברענט!

V

אַלטשטאָטישע געסעלעך ליבע,
ווו איז איצטער אייער געדרענג?
איך קוק צו מיין יוגנט אַריבער —
אין האַרצן ווערט אימעטיק, ענג.

איך זע זיך איצט גיין צו דער פּרעטע —
ס'איז האַרבסט און דער הימל איז בלאָ,
ס'באַגלייטן אונדז גאָלדענע בלעטער
אין שפּעטער ביינאַכטיקער שעה.

מיר גייען אינצווייען, צעטראָגן,
אַרום איז די בלויקייט און גאָלד —
איך האָב איר געוואָלט עפּעס זאָגן,
איך האָב עפּעס פרעגן געוואָלט,

נאָר פּלוצים פאַרפעלט האָט מיר אָטעם,
(ביי מענטשן געשעט אָפט אַזוי),
געבליבן איז בלויז מיר איר שאָטן,
דער הימל געשמייכלט האָט בלוי.

אָ, וויפל באַהאַלטן דאָ סודות,
די גרויע אַלטשטאָטישע ווענט,
ווען זיי וואָלטן קענען דערציילן,
ווען זיי וואָלטן רעדן געקענט — — — —

## IV

ביינאַכט אויף דער וואַרשעווער אַלטשטאָט,
ווי רואיק און שטיל איז אַרום,
אויף געסעלעך הילכט יעדער טראָט אָפּ,
פון פענצטער באַגריסט דיך אַ בלום.

די ווענט מיט סקולפּטורן באַצירטע,
נאָר שטום איז דער גיפּס און דער שטיין,
בלויז שאָטנס פון ערגעץ פאַרפירטע
דערמאָנען — ביסט דאָ נישט אַליין.

## לידער מיינע...

לידער מיינע לידער,
אומעטיקע לידער,
מיט אייך אונטער צוקאָפּנס
לייג איך זיך אַ מידער.

מיט אייך אינעם באַגינען
וואַך איך אויף און ווידער
מוז איך אייך געפינען —
לידער מיינע, לידער.

איך טראָג אייך אינעם האַרצן
אַלע מיינע יאָרן,
אין די נעכט די שוואַרצסטע
כ'האָב אייך נישט פאַרלאָרן.

געווען זייט איר מיר שטענדיק
לויכטנדיקע שטערן —
קיינמאָל נישט פאַרענדיקט,
אַלעמאָל אין ווערן.

פון דער טיפסטער נידער
זייט איר אויפגעגאַנגען —
לידער מיינע, לידער,
יידישע געזאַנגען.

## צו וועמען בעטן?

צו וועמען בעטן,
אַז איך האָב קיין גאָט,
צו וועמען וויינען,
אַז אויף שאַנד און שפּאָט
בין איך אויסגעשטעלט אַצינד?
בעט איך —
לאַכט פון מיר דער ווינט,
וויין איך —
קוקן אויגן בלינד —
צו וועמען בעטן,
אַז איך האָב קיין גאָט?

בעט איך בלויז צו זיך אַליין:
באַשיץ פון אומוועגן מיין טראָט,
מיין האַרץ באַשיץ פון ווערן — שטיין.

# אינמיטן וועג

אינמיטן וועג איך שטיי —
אַ בושל אויף איין פוס
און קאָן נישט ווייטער גיין
און ווייס — איך מוז.

די פליגל אָפּגעהאַקט
און פליען קאָן איך נישט,
אָפּן ליגט דער טראַקט —
נאָר אַלץ פאַרמישט.

דער הימל שמייכלט קיל,
אַ בלויקייט לאָקט דעם בליק,
נאָר ס'איז די פאַרבן־שפּיל
נישט מיין מוזיק.

מיין ליד איז ערגעץ ווייט,
איך הער איר מעלאָדי,
נאָר וויפל דאַרף מען צייט
צום נייעם פלי? — — —

# אין רויש פון די לאַנען

אין רויש פון די גאָלדענע לאַנען,
וואָס וויגן זיך שטיל אויפן ווינט,
אַ קערנדל איז אויך פאַראַנען —
מיין קינד.

איך האָב עס געפלעגט און געפּיעסטעט,
באַוואַסערט מיט טרערן און שווייס,
אין היימישער שוואַרצערד פאַרנעסטעט —
דאָס קערנדל ווייץ.

נאָר ווען עס איז אויפגיין באַשערט דעם
געוועזן מיט זאַנגען באַנאַנד, —
צי האָב איך אין רוישן דערהערט דען
די מי פון מיין האַנט?

## און טרעפן קאָן...

...אז זיך איינקוקנדיק אין זיך, זאָל אין
זיך אליין ווערט זיין.

פּאָל וואלערי

און טרעפן קאָן דאָך אויך אַזוי:
די ערד, ווי ערד וועט בלייבן שוואַרץ,
דער הימל, ווי דער הימל בלוי,
נאָר בלויז דאָס העמערל אין האַרץ
וועט ענדערן די מעלאָדי
און אין דעם סאַמע מיטן פלי
כ׳וועל הענגען בלייבן אין דער לופט —
אַ וואָלקנדל אַ קליינס, נישט מער,
באַפרייט פון ביסל משא גוף —
צי וועט מיך דאַן דערקענען ווער?

און טרעפן קאָן דאָך אויך אַזוי:
די ערד וועט פּלוצים בלייבן שטיין,
דער הימל איינגעהילט אין רויך
פאַרשטעלן וועט פון אונדז די שיין,
און נאַכט וועט זיין אינמיטן טאָג,
און ווינט וועט טאָן אַ בייזן יאָג,
און אַלץ, און אַלץ וועט אַנדערש זיין,
בלויז איך אַליין וועל בלייבן דער
געלייטערטער אין שווערער פּיין —
צי וועט מיך דאַן דערקענען ווער?

און טרעפן קאָן זיך נישט בלויז דאָס,
עס קאָן אַמאָל געשען אַזוי:
ווי ס'ווערט איבערפולט דער כוס
מיט אַ טראָפּנדל פון טוי
זאָל דאָס האַרץ זיין איבערפולט
מיטן ביסל סם פון שולד —

— — — — — — —

וויי, עס קאָן דאָך דעמלט זיין,
כ'זאָל נישט דערקענען זיך אַליין!

## נישט דעם פויגל

נישט דעם פויגל, וואָס פאַרפלויגן,
ווען איך יאָגן.
נישט די פייל, וואָס ס׳האָט דער בויגן
ווייט פאַרטראָגן —

נישט די מיניענדיקע ליכטער
אין פאַרנאַכטן,
נישט דעם שמייכל אויף געזיכטער
אַ געדאַכטן — — — —

וואָס געהאַט האָט צו פאַרפליען
איז פאַרשוונדן,
נאָר געבליבן זענען גליען
נאָך די וונדן,

נאָר געבליבן איז דער גלויבן:
ס׳ווערט נאָך טאָגן!
כ׳וועל אַליין זיך נאָך דערהויבן
און דעריאָגן!

## איך נידער איצט אַראָפּ...

איך נידער איצט אַראָפּ אין טאָל,
ווי אַמאָל
מיין עלטער־עלטער־זיידע,
נאָר איך האָב נישט געהערט קיין קול
און ס׳וואַרט אויף מיר נישט קיין שום עדה.

איך בין דאָ איינינקער אַליין,
צווישן שטיין
און זילבערדיקן בלענד פון שניי,
ווי דער טאָג, וואָס האַלט אינעם פאַרגיין
אויך איך פאַרגיי, פאַרגיי — — — —

ווער ווייסט וווהין עס פירט דער וועג?
אַ שטאַרע שרעק
פאַרגנבעט זיך אין אַלע גלידער.
מיט הענט אין ווייטקייט אויסגעשטרעקט
כ׳בלייב שטיין אַ מידער.

און שטיל עס בעטן מיינע הענט
אַנטקעגן ווענט
פון גרויע, שווייגנדיקע שטיינער:
זאָל מער נישט ווערן שוין געשענדט
ווער ס׳איז געשענדט געוואָרן איינמאָל.

פאַרוואַלגער מיך שוין מער נישט, באַרג,
כ'האָב אויפן קאַרק
נאָך שפורן פון דיין לעצטן פאַלן.
און איך וואָלט וועלן זיין נאָך שטאַרק
און אויפגיין מיט די מאָרגן־שטראַלן!

## אַזוי ווי דער נאַקעטער בוים

אַזוי ווי דער נאַקעטער בוים
אין פרילינג באַצירט זיך מיט בלעטער
און שיכור פון גרין ווערט דער רוים
ביז זומער־טעג שפּעטע —

אַזוי ווי דער נאַקעטער בוים,
אָן פייגל, וואָס זענען פאַרפלויגן —
איך וויל אויך ביים ראַנד פונעם תהום
— שטיין אומגעבויגן.

און וויסן זאָל איך, אַז דער סוף
וועט קיינמאָל נישט קומען,
אַז נאָכן פאַרווינטערטן שלאָף
וועט ווידער זיין זומער.

אָט דאָס איז מיין ווילן, מיין טרוים
אויף איצט און אויף שפּעטער —
אַזוי ווי דער נאַקעטער בוים
איך זאָל נאָך געדייען מיט בלעטער.

## צו אַ פריינד

י. ג.

איך ווייס, נישט לייכט איז צו פאַרגעסן
יענע יאָרן פון אומזיסטער פּיין,
ווען דורך שוואַרצע זיפן פון מעת־לעתן
איז אויסגעדונען טראָפּנווייז די שיין,

ווען אַרום איז פינצטער אַלץ געוואָרן
און געשטיקט ביים האַלדז האָט יעדע שעה.
וואַרף אַראָפּ פון חשבון יענע יאָרן —
נישט געלעבטע — זענען זיי נישטאָ.

אויב אין האַרצן איז אַ שפור פאַרבליבן,
אויב עס קלאַפּט שוין מער נישט ווי אַמאָל,
וועט דאָס פייער פון דיין גרויסער ליבע
איבערשמעלצן אים ווי שטאָל.

און כל־זמן אַרום איז ליכט פאַראַנען,
פרייען שמייכלען און עס רוישט דער וואַלד,
לאָמיר אונדזער וועג אַלץ ווייטער שפּאַנען
און נישט ווערן מיד, נישט ווערן אַלט.

# אַ תפילה צו דער פוילישער ערד

זיי גוט צו מיר, פוילישע ערד,
און טעג פון דיין יוליי־צעבלי
דו האָסט מיך אַ לעבן גענערט —
איצט קום איך אַ מידער צו דיר

און בעט נאָך אַ ביסעלע זון,
און בעט נאָך אַ ביסעלע זאַפט —
זיי גוט צו דיין ייִדישן זון,
נישט נעם ביי מיר אָפּ נאָך די קראַפט
צו קאָנען געניסן פון אַלץ:
פון פעלד און פון וואַלד און פון באַרג,
פון וואַסער, פון ברויט און פון זאַלץ —
אָ, פוילישע ערד, זיי נישט קאַרג!

זיי גוט צו מיר, פוילישע ערד,
און ווען עס וועט קומען די צייט,
איך וויל עס זאָל זיין מיר באַשערט
אַ ווערבע זאָל שטיין ביי דער זייט
פון בערגעלע אַש — מיין געביין,
און וועט ווער באַטרעטן דאָס אָרט,
דערהערן זאָל ער און געוויין
פון סטרונעס די גרינע — מיין וואָרט,
דערהערן זאָל ער דאָרט מיין ליד,
וואָס דו האָסט אַ לעבן גענערט — — — —
און טעג פון דיין יוליי־צעבלי,
זיי גוט צו מיר, פוילישע ערד.

## מיט זיך אַליין

ווי דאָס אָרעם פֿויערל, וואָס איז פֿון רווישיקן יאַריד
מיטן לעבן קוים צו זיך אין כּאַטע צוריקגעקומען
און ציילט דאָרט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל די קופּער־גראָשנס,
פֿון דער גרויסער וועלט איך קער זיך ווידער אום צו דיר, מיין ליד,
כּאָטש כ׳ווייס, איך ווייס: ס׳וועט שווער זיין דיך אַראָפּרייסן פֿון
גומען
ווען אַלע לאָקער־פּייערלעך עס האָבן זיך פֿאַרלאָשן.

נאָר כל זמן עס טליעט אינעם האַרצן כאָטש אַ פֿונק פֿון פלאַב,
וואָס האָט דאָרטן מיט יאָרן לאַנג צוריק נאָך אויפגעפלאַקערט
און געלויכטן מיר, געפֿירט דורך אַלע פֿינצטערנישן,
ווײסטו, מיין ליד, פֿאַרבלייבן ווי דער וואָרצל פֿונעם שטאַם,
וואָס כאָטש דער באָדן אונטער אים איז הונדערט מאָל פֿאַראַקערט,
ער לאָזט זיך פֿון דער ערד נישט אַזוי לייכט פֿאַרווישן.

I

איך בלעטער אין זכרון ליד נאָך ליד,
אַ שורה מיט אַ שורה כ׳בינד צוזאַמען
און, ווי אַ הונט, וואָס זוכט דעם שפּור פֿון טריט,
איך זוך מיין לעבן צווישן אַלטע גראַמען...

II

און אָט פֿליסט פֿאַרביי מיר, ווי כוואַליעס פֿון טייך,
וואָס רוישן און שטילן זיך ביסלעכווייז אייך,
מיין לעבן: אַ קעלער, די וועגט זענען פֿייכט
און בענקען, ווי איך, נאָך אַ ביסעלע שייך,

און ס'פירט מיך די בענקשאַפט נאָך שיין צו דער גאַס,
צו בלויקייט פון הימל, צו גרין פונעם פעלד,
זי טריפט אין מיין האַרץ אַריין ליבשאַפט און האַס,
זי פירט מיך די בענקשאַפט, נאָך שיין — צו דער וועלט.

זי פירט מיך פון ווייסל־ברעג ביז צו אוראַל —
מיט בלוט אַזויפיל איז געצייכנט דער וועג,
נאָר איך זע פאַר זיך בלויז דעם ליכטיקן שטראַל,
וואָס האָט מיך, אַ קינד נאָך, צום לעבן דערוועקט.

צי האָט מיר דער שטראַל נישט די אויגן פאַרבלענדט,
פון ליכטיקייט צופיל געוואָרן כ'בין בלינד
און כ'האָב, ווי אַ בוים, זיך אַליין נישט דערקענט,
ווען ס'האָט זיינע צווייגן צעטרייסלט דער ווינט?

III

כ'דערמאָן זיך אַ נאַכט ביי די בערג פון מאַגניט
ארום האָט געהוליעט אַ ווייסער בוראַן —
געדאַכט האָט, פון טויט טיילט דיך אָפּ בלויז אַ שפּאַן,
און איך האָב מיט ווייטיק געשריבן אַ ליד:

„...אָ, לאַנד די מיין,
פאַר העלער שיין
איך וועל דיר שטענדיק דאַנקען.
נאָר גיב מיר רעכט,
ווען ערגעץ ברעכט
אין שוואַרצע נעכט
דער פיינט מיין ברודערס גלידער —
ארויס אין שלאַכט.
— און אויב מע דאַרף
כ'וועל אומגעטראַכט
אוועקגעבן
דאָס לעבן".

IV

מיין אָרעם לעבן! וויפל האָב איך דיך שפּעטער,
ווי אַ ברויט געפּרוווט דערלאַנגען צו דעם מעסער,
נאָר דיך האָט מען, ווי אַ פּאַרעטער,
געהאַלטן שטרענג פאַרשלאָסן הינטער זיבן שלעסער.

V

אַ לעבן לאַנג האָב איך געקעמפּט דערפאַר,
אַז כ'זאָל נישט דאַרפן ענטפערן פאַר יענעמס זינד,
איך זאָל אַליין דער קנעכט זיין און דער האַר
פון אַלץ, וואָס כ'האָב מיט אייגן בלוט פאַרדינט.

און אָט האָט זיך ביים סאַמע ראַנד פון ציל
ווידער אָנגעהויבן אַלץ אויף פונדאָסניי:
איך בין געווען שולדיק, ווייל ס'איז שטיל,
איך בין געווען שולדיק פאַר געשריי.

איך בין געווען שולדיק פאַר מיין ליד,
ווו ס'האָט אַ ביסל מונטערקייט געפעלט,
פאַר צופיל גלייכע און פאַר קרומע טריט
פאַר אַלדאָס שלעכטע אויף דער גאַנצער וועלט.

פאַר אַלץ בין איך געווען שולדיק, שולדיק —
נאָר כ'האָב נישט אויפגעהערט צו זיין געדולדיק.

VI

כ'האָב נישט פאַרלוירן דאָס געדולד אפילו דעמלט,
ווען פון מיין פייער איז געוואָרן בלויז אַ פלעמל.

ווען ס'האָט געלאָשן זיך די שיין אין מיינע שויבן —
וואָס איז געבליבן מיר נאָך מערער ווי דער גלויבן?
אים קאָנען נישט פאַרניכטן קיין שום בייזע פלאַמען —
סיידן מיטן האַרץ אַרויסרייסן צוזאַמען.

*
**

נו, אַ האַרץ, איז וואָס אַ האַרץ,
פאַר די, וואָס האָבן שוואַרץ
געמאַכט פאַר ווייס, און ווייס
פאַר שוואַרץ — — —

האָבן זיי זיך אויך אויף דעם
פאַרמאָסטן.
מיט געווער פאַרראָסטן
פון אַלטע אַרסענאַלן
זענען זיי מיין האַרץ
באַפאַלן...

VII

איך הער זיך צו: עס קלאַפּט, עס קלאַפּט נאָך אַלץ
דאָס האַרץ — דער שטענדיק וואַכער אומרו מיינער
און דורך דער קעל פון עם פאַרשטאָפּטן האַלדז
עס רייסן טענער זיך אַרויס נאָך ריינע.

עס האָט דיך נישט, מיין ליד, דערשטיקט קיין גאַז,
עס האָבן דיך קיין קוילן נישט גענומען,
צופיל אין דיר איז ליבשאַפט דאָ און האַס
אַז דו זאָלסט שטומען.

צופיל, צופיל מיר האָבן דורכגעליטן,
געברענט מיר האָבן שוין אויף אַלע שייטערס,
אין אַלע פייערן שוין דורכגעגליטע —
מיר לעבן ווייטער!

## ווי אַ פּלייט

ער איז ווי אַ פּליט —
שפּילט, און ווייסט נישט דעם באַטייט.

## אפילו דער הימל

אפילו דער הימל
איז נישט פריי פון שימל,
ווער שמועסט נאָך די ערד —
זי ליגט שוין גאַר אין ד׳רערד.

## „ריינע הענט"

מיט ריינע הענט עס האָט נאָך קיינער
נישט גערירט פון אָרט קיין שטיינער.

## וועגן איינעם אַ שרייבער

אים זענען נאָענט אַלע טעמעס
בלויז איין זאַך איז אים פרעמד — דער אמת.

## אויף איינעם אַ רעדנער

נישט יעדער קאָן זיך עס פאַרגינען,
ווי ער, צו רעדן אָן אַ זינען.

## אַן „אָפּטימיסט"

ער האָט קיינמאָל נישט געצווייפלט,
קיינמאָל נישט געהאַט קיין צער.
איז וואָס — אַן אָפּטימיסט אַ שטייפער?
ניין — אַ נאַר...

## אויף איינעם אַ דיכטער

„די געשיכטע איז דער בעסטער ריכטער" —
שרייבט ער טאַקע בלויז... פאַר דער געשיכטע.

## די אָל און דער זאַק

— איך בין אויף צו שטעכן — זאָגט די אָל.
— און איך, צו נעמען שטעך — עס זאָגט דער זאַק.
— כאַ, כאַ — דערטראָגט פון ווייטן זיך אַ קול —
מוחל, מוחל, אייך אַזאַ „קאָנטאַקט".

## קאַמעלעאָן

אין אַ נויט
ווערט ער רויט.

## אַ גלגול פון אַ ניגון

פריער האָט זיין ליד געדינט צום וועקן, מאָנען און באַזיגן,
שפּעטער האָט געדינט עס צום פאַרוויגן,
היינט געבליבן איז דערפון... אַ הוילער ליגן.

## זיין פּרינציפּ

ער האָט איין פּרינציפּ אין לעבן:
נעמען אַליץ און גאָרנישט געבן.

## חוהס עפּל

ווען האָט ער צו פאַרדאַנקען
זיינע פינצטערע געדאַנקען?
נישט דער נאַכט און נישט דעם נעפּל —
אַ געוויסער חוהס עפּל...

## ווען יעדער שניידער

ווען יעדער שניידער וואָלט געשניטן
אַזוי ווי אים געפעלט,
ווייַ, ווי וואָלט זיך דאַן געביטן
דער אויסזען פון דער וועלט!

## אויפן ווונק

עס איז גענוג פאַר אים אַ רמז
און גלייך ווייסט ער דעם גאַנצן... נ ע מ ע ס

## ווי אַן אינדיק

צווישן צווייגן
קאָן ער שווייגן,
צווישן גרילן —
שפּילן.
נאָר בלויז צווישן
מענטשן פּראָסטע,
צעבלאָזט זיך.
ווי אַן אינדיק

## מענטשן און הינט

נישט יעדער הונט, וואָס בילט —
בייסט.
נישט יעדער מענטש, וואָס פֿילט —
ווייסט.

* *
*

ווען אַ הונט לעקט אָפּ אַ ביינדל
שטער אים נישט.
ווען אַ מענטש פֿאַרערדט די ציין דיר —
הער אים נישט.

## דאָגמאַטיקער

אויף אַלץ זיי האָבן גרייט אַן ענטפֿער,
אין אייגנער חכמה שטענדיק זיכער.
פֿון וואַנען שעפּן זיי דאָס וויסן?
אָ, נישט פֿון לעבן, ניין — פֿון ביכער.

## אָפּגעדאַוונט

געדאַוונט אַלע מאָל פֿון זעלבן סידור,
אין שוואַרצע פּינטעלעך געזען באַהאַוונט,
ביז איינמאָל זיך אַרומגעזען אַ מידער,
אַז ער האָט שוין, זייט מוחל, אָפּגעדאַוונט.

## ווער ווערט

איינמאָל האָבן זיך געשפּאַרט
דער אַליף־ און בעסער־וויסער:
ווער האָט ווערטן אָפּגענאַרט —
דער דיכטער צי דער קיסר?
זיי האָבן זיך געשפּאַרט, געקריגט,
ביז סאַמע ערשטן הענער־קריי,
נאָר ביידע האָבן נישט דערבליקט,
אַז די גענאַרטע... זענען זיי.

## אַסעקוראַציע

— חברים, דאָ זענען נייטיק
מעשים, טאַטן קאָנקרעטע! —
גערופן האָט ער, און זייטיק
געקוקט אויפן ו ע ט ע ר.

## נישט אַלע פלעקן

ניין, נישט אַלע פלעקן
מען קאָן מיט רייד פאַרדעקן.

## וועגן אַ פּילפּנימדיקן

ער האָט זיין פּנים שוין אַזוי פיל מאָל געביטן,
אַז ער באַטראַכט אַליין זיך פאַר... אַ דריטן.

## רעאַליזם

ער איז אַ רעאַליסט אין יעדן אבר,
נאָר זיינע ווערק, זיי טויגן....
פאַרן קבר.

## אַ ביסל פייער

זיין דערציילונג
האָט אַלע עלעמענטן:
ערנסט און פאַרוויילונג,
פאַנטאַזיע, צילגעווענדטקייט,
יעדעם וואָרט
איז אויפן אָרט,
אַקוראַט,
אַדעקוואַט,
זי איז —
אַ וויכטיקער צושטייער...
עס פעלט איר בלויז איין זאַך —
אַ ביסל פייער.

## וועגן די, וואָס קוקן דורך שוואַרצע ברילן

ער האָט געזוכט, געזוכט
אַ האַלבע וואָך,
און ענדלעך געפונען.
וואָס?
אינעם גאַנצן אַ לאָך.

איינער, ווען מען האָט
„געריהרט די קרוין פֿון קאָפּ"

מען דאַרף קיין קרוינען
נישט שוינען.
חוץ איינער:
מיינער.

## אַ חונף

אויף זיין פּנים רוט שטענדיק די שכינה...
די שכינה? ניין, וואַזעלינע.

## וועגן אַ צווייפּנימדיקן

אין גאַס איז ער — אַ צדיק אין פּעלץ,
קוצעניו, מיצעניו — איידל און פיין.
און שטופּ ביי זיך — ער פּייפט אויף דער וועלט —
פון הינטערן פּעלץ באַווייזט זיך... אַ שטיין.

## אויף איינעם

ער פילט זיך ווי אַ וואָרעם אינעם כריין —
טרינקט די ביטערניש און שרייט — ס'איז ווייַן.

## גראַפאָמאַנען און גראַפאָלאָגן

צווישן גראַפאָמאַנען און גראַפאָלאָגן
איז דער אונטערשיד בלויז איינער:
דער  ד ר ו ק  איז שלעכט — די ערשטע קלאָגן;
די שריפט איז שלעכט — די צווייטע וויינען.

## טאָג און נאַכט

— צי האָסטו זיך אַמאָל פאַרטראַכט —
געזאָגט האָט צו דעם טאָג די נאַכט —
ווי נידעריק די ביסט געפאַלן?

די זון אפילו אירע שטראַלן
קערט אָפּ פון דיר, און אויס, אַן עק,
נישטאָ פאַר דיר קיין אַנדער וועג,
ווי טיף אין פינצטערניש צו זינקען,
און בעסטן פאַל — אין טייך זיך טרינקען.

— וואַרט נאָר, וואַרט — געענטפערט האָט דערויף
דער העלער טאָג, און ווי אַ שרויף
די שוואַרצע נאַכט גענומען בוירן. —
דו מיינסט אַוודאי כ'בין פאַרלוירן?

צו פרי, צו פרי דיין בייזע פרייד!
אָט גיי איך ווידער אויף אַ העלער,
און דו — אַ הונט אויף פרעמדער קייט —
וועסט ווידער בילן אויף די שוועלן.

# אינהאַלט:

## אַ נאַקעטער בוים



## עפּיגראַמען

